

שטײט א קוימענ הויכ אונ גלײַכ,
אונ פונ קוימענ רינט א טײַכ,

איז דער קוימענ זײער ברײט,
איז דער טײַכ זײער רויט,

זײער גרויס, זײער טיף,
נעמ כאָטש פאָר מיט א שיפ.

נאָר מע טאָר צו אימ ניט צוגײנ נאָענט,
מ'וואָלט זיכ באָדנ דאָרטנ ניט געקאָנט,

מיט א פינגער וואָלסטו טונ א ריר,
גלײַכ וואָלט אופגעלאָפנ א פוכיר.

ווײַל געפערלעכ איז דער טײַכ,
געפערלעכ איז אײַזנ פלאמיקער. עס
פליסט אינ אימ אונ פליסט, פליִענ
פונקענ אופ צומ הימל גלײַכ — הײס.
דער ברײטער קוימענ — דאָמנע הײסט.



אינ קיכ שטײט אנ אײַזער־
נע פליטע. דער טשײַניק,
וואָס אפנ פרימוס זידט, איז
אויכ פונ אײַזנ געמאכט. מיר
לײגנ זיכ שלאָפנ באנאכט
אפ אײַזערנע בעטנ. אפ די
פענצטער אונ טירנ זײַנענ
די פארוקערס פונ אײַזנ.
די קלײנינקע נאָדל איז אנ
אײַזערנע, אונ גרויסע, גרויסע
מאשינעס ווערנ אויכ פונ
אײַזנ געבויט. דער ארבעטער־
קלאס סטארעט זיכ איצט וואָס
מער אײַזנ צו באקומענ. וואָס
מער אײַזנ מיר וועלנ האָבנ,
אלצ מער טראקטערס וועלנ
מיר האָבנ, אלצ מער מאשי־
נעס וועלנ זײַנ.



אײַזנ וועסטו קײנמאָל ניט צעבּרעכנ. אײַזנ וועסטו ניט סאַרבּרענענ פאַר קײנ פאַל. אײַזנ איז א פעסטער מעטאַל.

אײַזנ באַקומט מענ ארויס פונ ארצ. דעמ ארצ קריגט מענ אינ די שאַכטעס פונ דער ערד אונ מע שיקט אוועק אפנ זאַוואָד. נאָר ניט גלײַך ווערט פונ ארצ אײַזנ. צום אלעמ ערשטנ באַקומט מענ פונ ארצ טשוהונ. קעדײ ארויס־צוקריגנ פונעמ ארצ דעמ טשוהונ, דאַרפ מענ אים צעגליִענ אפ א שטאַרקנ פײַער. מע וואַרעמט אים אָנ אזוי לאַנג, ביזוואַנענ ער ווערט אינגאַנצנ שיטער. נאָר קעדײ שטאַרק אָנצוגליִענ דעמ ארצ דאַרפ מענ האָבנ א באַזונדער אויווונ. אנ אויווונ, וואָס מע וואַרעמט אינ אים ארצ, הײסט דאָמנע.







די דאָמנע ווערט געבויט פון ציגל. זי איז ענלעך אַף א ברייטער, הויכער, קײַלעכיקער טרויב. זי איז העכער פון יעדער הויז. ארום דער דאָמנע זײַנען אויסגעבויט גרויסע געבײַדעס פאר די מאשינעס און פאר די ארבעטער.

די דאָמנע און אלע געבײַען, וואָס לעבן איר, רופט מען אָן דאָמנע־צעך.

טאָג און נאכט ארבעטן מענטשן אינעם דאָמנע־צעך.

זעקס אזייגער פארטאָג קומען שוין די ארבעטער צו גיין אינעם דאָמנע־צעך. זיי טוען זיך אָפּ אין די ברעזענטענע אָנצוגן און שטעלן זיך אַף זייערע ערטער. אייניקע גייען ארויף אינדערהייך אַף דער דאָמנע. דאָרטן אויבן איז געמאכט געוואָרן א דעקל, וואָס דעקט צו די דאָמנע.



טאָג און נאכט ברענט אין דער דאָמנע א פײַער. די ארבעטער הייבן אוף דאָס דעקל, און א בלויער פלאם שפּארט ארויס פון דער דאָמנע.

אין דער אָפּענער דאָמנע שיט מען אריַין דעם אײַזנ־ארץ און דעם שטיינקויל. עס ברענט דער קויל, עס ברענט דער ארץ, און א שווערער פליסיקער טשוהון רינט ארויס פונעם ארץ און גיסט זיך אפּן דנאָ פון דער דאָמנע. די ארבעטער קלינגען אין גרויסן גלאָק — דאָס בעטן זיי נאָך ארץ, נאָך שטיינקוילן.

און פונונטן שטייען גרויסע, גרויסע מאשינעס. די מא־שינעס ברעכן דעם ארץ אף קליינינקע שטיינדעלעך. אזוי שמעלצט ער זיך גרינגער. דעם צעדרויבלטן ארץ שיט מען אריַין אין וואגאָנטשיקלעך, די וואגאָנטשיקלעך פירט מען צו צו דער דאָמנע מיט פערד. די ארבעטער לאָדן אָן די וואגאָנטשיקלעך און זינגען דערבײַ א ליד.





— עכ, אוועק וועט א וואגאָנטשיק
אָנגעשטאָפּט.
יאָטל! טרײַב דאָס פערדל שנעלער
אינ גאַלאָפּ.

אינ וואגאָנטשיק נאָכנ צווייטנ
גיכער רײַט! —
ס׳בעט די דאָמנע, ס׳שרײַט די דאָמנע,
ס׳פּליט די צײַט.

קלייניקע אָנטרײַבערס מיט גרויסע פּוזשעלעס טרײַבנ אָנ די פערד. פונ איינ עק קומענ צו די וואגאָנטשיקעס מיט ארצ, אונ פונ צווייטנ — די וואגאָנטשיקלעכ מיט קוילנ. די וואגאָנטשיקלעכ שלאָגנ זיכ אָנ מיט די זײַטלעכ, צערודערנ זיכ, ווי זיי וואָלטנ צווישנ זיכ עפּעס געכּורטשעט. דער שטיינקויל מורמלט:



— איכ בינ דער שטײנקויל
פונ רײַכנ דאָנבאַס,
געבראַכט האָט אַהער מיכ
דער אַרבעטער־קלאַס.
אינ דאָמנע אינ הויכער
איכ שמעלצ דעם טשוהונ,
אינ דאָמנע אינ הויכער
איכ גלי, ווי די זונ.

עס הייבט זיכ אופ א קראַנ. ס׳הייבנ זיכ אופ די וואַ־גאָנטשיקעס צו דער דאָמנע. דאָרטנ אינדערהייכ באַגעגנט מענ זיי. די אַרבעטער זײַנענ אָנ העמדלעכ, ווײַל פונ דער דאָמנע שלאָגט א גרויסע היצ.

ווידער עפנט זיכ דאָס דעקל, אונ דער בלויער פלאַמ הייבט זיכ פונ דער דאָמנע. די דאָמנע סאַפּעט אונ רעוועט.



— מענטשנ האָבנ מיכ געמאַכט —
וווּ, וווּ, וווּ.
שמעלצנ אַרצנ טאָג אונ נאַכט —
וווּ, וווּ, וווּ.
גרויע אַרצנ, הערט זיכ אײַנ —
וווּ, וווּ, וווּ.
שיט זיכ גיכ אינ מיר אַרײַנ —
וווּ, וווּ, וווּ.
גוטער שטײנקויל, קומ אַהער —
וווּ, וווּ, וווּ.
וועלנ מיר צעשמעלצנ מער —
וווּ, וווּ, וווּ.



דעם ארצ אונ
דעם קויל ווערט
שוינ ניט ווארעמ,
נאָר זייער הייס.
דער קויל פלאקערט
אופ אונ ברענט
ארומ דעם ארצ.
דער ארצ צע־
גייט...
אונ אינ דינינקע
רינוועלעכ רינט
ארויס פונעמ ארצ
דער טשוהונ. ער
רינט אראָפ אפ
אונטנ, וווּ דער מײַסטער קוקט אינעמ קלייניקנ פענצטערל.
דער מײַסטער קוקט דורכ די בלויע ברילנ אפנ ווײַסנ
גלי אונ אפנ פליסיקנ טשוהונ אונ זאָגט:





— דער טשוהונ גייט. א נעמ געטאָנ זיכ, ברידער!
א גרויסער לײמענער קאָרעק לאָזט ניט דעמ טשוהונ



ארויסגיסנ זיכ פונ דער דאָמנע. דעמאָלט נעמט דער אלטער מײַס־טער דעמ שטאָלענעמ לאָמ אונ האקט דורכ דעמ קאָרעק. דער טשוהונ גיסט פונ דער דאָמנע אונ פליסט איבער די רינוועס, ווי א פײַעריקער וואסער־טײַכ. סע פליִענ פונ אימ בלויע גרינע, געלע פונקענ. די ארבעטער לויפנ לעבנ די רינוועס. אז דער טשוהונ קילט זיכ אָפּ, פירט מענ אימ אוועק אינ אנדערע צעכנ.

